# קרן קימת
# לישראל

100 000
דונם
בשביל



הקרן
הקימת
לישראל



פרופסור הרמן שפירא ז"ל

(נפטר י"א אייר תרנ"ח)

הוגה רעיון הקרן הקימת לישראל.

ז. קאָטלער (ירושלים)

# דער יודישער נאַציאָנאַל-פאָנד

## (קרן קימת לישראל)

זײַן געשיכטע, װעזען און װירקען




אַרויסגעגעבן דורכ'ן „קרן קימת לישראל"
צענטראַלע פאַר פוילען

וואַרשא תרפ"ה

1

# דער וויכטיגסטער נאַציאָנאַלער אינסטיטוט

זייט זיין געבורט איז דער פאָליטישער ציוניזם איין לאַנגע אונאויפהערליכע שאַפונגס־אַרבייט.

דער ציוניזם האָט אויפגעמונטערט אונזער יו־דישע וועלט, וועלכע איז פערחלומט געוואָרען אין דעם עיפוש פון דעם ענגען און פינסטערען געטאָ פון איין זייט און אין דעם טשאַד פון דער אַסימילאַציע פון דער אַנדערער זייט.

ער האָט אַריינגעבראַכט נייע בעגריפען און ווער־טען אין אונזער מיזערנעם גלות־לעבען, אין אונזער פערשמאָלטער וועלט־אַנשויאונג.

ער האָט אויפגעוועקט דעם פערשלאָפענעם יודי־שען געדאַנק און אויפגעוואַרעמט דאָס יודישע גע־פיהל. —

און נאך וויכטיגער פון דעם אַלעמען — ער האָט געשאַפען ממשות'דיגע פאַקטאָרען, וועלכע זענען מיט איהם געבוירען געוואָרען, און אויף וועלכע ער איז און מעג שטאָלץ זיין, ווי דעם קאָנגרעס, די ציוניסטי־שע אָרגאַניזאַציע, די יודישע באַנק, דעם קרן־היסוד א. ד. ג.

אבער פון אַלע די אַזוי וויכטיגע אינסטיטוציעס, וועלכע דער ציוניזם האָט געשאַפען און צום לעבען געבראַכט, איז דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד תמיד געוועזן דער ליכטיגער פונקט, וועלכער האָט אַמ־שטאַרקסטען און אַמנאָהענטסטען צו זיך געצויגען אַלעמענס הערצער, אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און רעספעקט.

אין דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, זיין לאָזונג און זיין טעטיגקייט, האָט דאָס יודישע פאָלק (און בעזונדערס דער בעוואוסטזיניגער און רעכט־דענקענ־

דער טייל פון איהם) געפונען דעם צענטראַלען פונקט פאַר אַלע זיינע העכסטע שטרעבונגען, דאס בעסטע און עדעלסטע אין דעם ציוניסטישען געדאַנק, און — וואָס ס'איז נאָך וויכטיגער — דעם זיכערסטען וועג און דאס פּראַקטישסטע מיטעל צו ערווערבען דאס יודישע לאַנד און אַזוי אַרום צו שאַפען די באַזיס פאַר דער ענדגילטיגער און פאָלשטענדיגער אויפלע־בונג און אויסלייזונג פון דעם יודישען פאָלק.

עס איז דאריבער ניט בלויז די פּריווילעגיע, אבער אויך די הייליגע, אפשר די הייליגסטע פליכט פון יעדען טרייען יודען, אפילו אויך ניכט־ציוניסט, צו בעקענען זיך מיט דער געשיכטע, די ציעלען, אויפ־גאַבען און מעשים פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, וועלכע וועלען געגוי, אבער קורץ, בעשריבען ווערען אין די קומענדע קאַפּיטלען.

## 2

## די געשיכטע פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד

קומען מיר צו דער געשיכטע פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאנד, אַזוי שטויסען מיר זיך אן אויף אַנ־ערשיינונג, וועלכע איז ניט בעקאנט אפילו פאַר פיעל 100־פּראצענטיגע ציוניסטען. —

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אידעע פון דעם נאַ־ציאָנאַל־פאנד איז כמעט אַזוי אַלט ווי דער ציוניזם, זאגאַר ווי די משיח־בעוועגונג. און דער בעגעהר צו זאַמלען געלד פאַר אַ שטענדיגען פאָנד פונ'ם גאַנ־צען יודישען פאָלק אויסצולייזען דאָס לאַנד פון אונזערע אָבות, האָט תמיד געשוועבט אין דער יודי־שער וועלט, אין יעדער תקופה פון אונזער געשיכטע.

אונזער פאלק האט תמיד געפיהלט, אַז עס פעהלט איהם דער עיקר פון דעם נאַציאנאַלען פער־מעגען, אויף וועלכען אַ פאלק קאן זיך שטיצען און שיצען, בעזונדערס איז אין אַנ'עת־צרה, ווען עס פאַ־

סירט אנ'אַלגעמיין נאַציאָנאַל אומגליק. עס האט גע־פיהלט, אַז ס'פעהלט איהם נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ע ר ב אָ־ד ע ן.

אין משך פון זיין אַזוי לאַנגען גלות האט אונ־זער פאלק שטענדיג געפיהלט, אַז ס'איז ארים און עלענד און פערמאגט נישט אַלס פאלק קיין שום איי־גענטום. און ווי גרויס ס'איז געווען די צאָהל פון רייכע, מיליאָנערען און אַפילו מולטי־מיליאָנערען צווי־שען יודען, איז דאָס יודישע פאָלק, אַלס גאַנצעס, וואָס איז מיט צוואַנג אַבגעריסען געווארען פון דעם באָדען, דאָך כסדר געווען און געבליבען דאס ארימ־סטע צווישען אַלע פעלקער.

דאס האבען בעזונדערס שאַרף געפיהלט פיעל פון די ערשטע משיח'יסטען, די פערשידענע טרוי־מער פון דעם יודישען געטאָ, און דאָס האָבען נאָך שטאַרקער געפיהלט די ערשטע בויער פון דעם נייעם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל.

דער בעוואוסטער יודישער געלעהרטער און מקובל, ר' י ה ו ד ה א ל ק ל ע י, פון סאַראַיעוואָ אין באָסניען (געבוירען תק"נה, געשטאָרבען תר"לח), וועלכער האט זיך אַזוי ערנסט בעשעפטיגט מיט דער אידעע פון שיבת ציון, האט אויסגעאַרבייט אַ פאָל־שטענדיג פאָליטיש פראָגראַם, און אַ פּלאַן פון אַ נאַ־ציאָנאַלען פאָנד, אויף צו ערווערבען און קאָלאָניזירען דאס הייליגע לאַנד.*)

אויך די ע ר ש ט ע ח ל ו צ י ם אונזערע, אין אָנ־פאַנג פון דער חיבת־ציון־בעוועגונג, ווען זיי זענען געקומען קיין ארץ־ישראל, אין די 80־ער יאהרען, — אויך זיי האבען איינגעזעהען די נוטווענדיגקייט צו שאַפען אַ נאַציאָנאַלען פאָנד פאַר די פערשידענע יודישע נאַציאָנאַלע צוועקען און אונטערנעמען אין ארץ־ישראל. און זיי האבען אין יאהר תרנ"ג (אויף אַ פערזאַמלונג אין ארץ־ישראל) בעשלאָסען צו גרינ־

*) זעה זיינע ספרים: „מעודד ענוים", סימן י' און י"ג, „גודל לה'", סימן י"ד און „משמיע שלום".

דען אַזאַ נאַציאָנאַלען פאָנד, אָבער דער בעשלוס איז, לײדער, נישט פערווירקליכט געוואָרען.

און אפילו אויך דעם אַזוי וואונדערליך פּעהיגען און מעכטיגען הערצל איז נישט געלונגען צו בעגײסטערען די יודישע וועלט פאַר דעם נאַציאָנאַלען פאָנד, וועלכען ער האט נאך אין יאהר 1896 פאָרגעשלאָגען (אין זײן רעדע פאַר דער עסטרײכישער איזראעליטישער אוניאָן) און פון וועלכען ער, הערצל, האָט געוואָלט געבען אַ הלוואה צו טערקײ.

דאַנקען אָבער האט פּראָפּעסאָר שפּירא פערשטאַנען צו געבען דער נאַציאָנאַל-פאָנד-אידעע איהר ריכטיגע נשמה:

אויסלײזען און ערווערבען דעם באָדען אין ארץ-ישראל פאַרן פאָלק ישראל.

## 3

# די גרינדונג פון דעם נאַציאָנאַל-פאָנד

פּראָפּעסאָר הערמאַן שפּירא, דער אַלטער יודישער מאַטעמאַטיקער פון הײדעלבערגער אוניווערזיטעט, האט ווי קײנער פאַר איהם, גענוי און גרינדליך פערשטאַנען דעם אַזוי פּשוט'ען אמת, אז די הויפּט-סיבה פון אונזער טראַגעדיע איז: דער מאַנגעל אין נאַציאָנאַלען באָדען. ווײל אַ פאָלק קאַן נישט עקזיסטירען אָהן אײגענעם באָדען אונטער די פיס. און זענענדיג אָפּגעריסען פון באָדען, איז אַ פאָלק פערמשפּט צו גײסטיגען און קערפּערליכען אונטערגאַנג.

אט די-דאזיגע אַקסיאָמען האט זעהר גענוי און גרינדליך פערשטאַנען פּראָפעסאָר הערמאַן שפּירא, וועלכער האט זײן היסטאָרישען פאָרשלאַג וועגען דער גרינדונג פון אַ יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד אויף אויסצולײזען דעם באָדען אין ארץ-ישראל געמאַכט צום ערשטען מאָל פאַר דער היסטאָרישער פערזאַמלונג פון די ערשטע מאָדערנע חובבי-ציון אין קאַטאָוויץ

(אין יאהר 1884), און ווען זיין פארשלאַג האט אויף דער פערזאַמלונג קיין גליק נישט געהאַט אנגענומען צו ווערען, האט ער, פראפסאר שפירא, געבראַכט דעמזעלבען פארשלאַג אויך צום ערשטען ציוניסטי־שען קאנגרעס אין באַזעל (אין יאהר 1897).

פראפעסאר שפירא איז געווען אַזוי זיכער אין דער נויטווענדיגקייט און פערשטענדליכקייט פון זיין פארשלאַג, אַז ער האט געפונען פאַר פאַסיג צו רע־דען וועגען איהם זעהר קורץ, אהן שום פילאזאפישע און טעארעטישע לאַנגע בעגרינדונגען, בלויז מיט די פאלגענדע אַזוי איינפאַכע אבער דאך אַזוי טיעף איינ־דרינגענדע ווערטער:

„ווען אונזערע אבות־אבותינו, בעת זיי זענען אַוועק אין גלות אַריין, וואלטען געווען געזארגט פאַר דער צוקונפט, און וואלטען געווען עטוואָס בייגעשטיי־ערט פאַר די קומענדע יאהרען, וואָלטען מיר איצט געהאַט אַזאַ גרויס פערמעגען, אַז מיר וואלטען מיט איהם געקאנט גאַנצע לענדער ערווערבען. אונזערע עלטער־זיידעס האבען דאס אבער נישט געטהון, צי מחמת דעם וואָס זיי האבען עס נישט געקאנט טהון, אדער גאר פון נאַכלעסיגקייט, און דאריבער זענען מיר מחויב דאס צו טהון בעצייטענס, פאַר אונז און פאַר די, וואָס וועלען קומען נאָך אונז“.

בלויז מיט אט דער קורצער הקדמה האט פרא־פעסאר שפירא איינגעליימעט זיין פאָרשלאַג וועגען דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד.

עס איז אבער נישט בעשעהרט געווען דעם אַל־טען פראפעסאר שפירא צו דערלעבען די פערווירקלי־כונג פון זיין פארשלאַג, און דער ערשטער ציוניסטען־קאנגרעס האט דעם פארשלאַג נישט אנגענומען און אויך נישט אבגעווארפען.

אויף דעם 4־טען קאנגרעס (אין יאהר 1900), האט ה' קרעמענעצקי ווידערהאלט דעם זעלבען פאר־שלאַג וועגען דער גרינדונג פון דעם יודישען נאַציאָ־נאַל־פאנד, און אויך דער־דאזיגער קאנגרעס האט

דעם פאַרשלאַג אנגענומען בלויז אַלס אַ וואונש, אבער נישט אויף תיכף צו פערווירקליכען.

ערשט מיט 4 יאהר שפּעטער (זינט דער פאָר־שלאַג איז געמאַכט געוואָרען אויף דעם ערשטען קאָנ־גרעס), שוין נאך פּראָפעסאָר שפּיראס טויט און נאך אַ זעהר שווערען און ענערגישען קאַמף פאַר איהם מצד ד"ר הערצל, האט דער 5־טער ציוניסטען־קאָנ־גרעס אין באַזעל (אין יאהר 1901) אנגענומען דעם פאָרשלאַג: צו גרינדען אַ יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד אויף אויסצולייזען און ערווערבען דעם באָדען אין ארץ־ישראל און איהם שטעלען אין בעזיץ פונ'ם גאַנ־צען יודישען פאָלק.

דאַמאלס ערשט, ווען דער אונשטערבליכער הערצל, וועלכער האט אין זיך פערקערפּערט דעם נאַ־ציאָנאַלען ווילען אונזערען, האט גענומען די זאַך אין זיינע מאַגישע הענד, איז די שטרעבונג וועגען דער שאַפונג פון אַ יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס האָט געשוועבט אין דער יודישער געשיכטע ווי אַ נשמה אהן אַ גוף, געוואָרען אַ פאַקט.

4

## די אויפגאַבען פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד

אונגעפעהר 23 יאהר זענען פאַרביי זינט דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד איז געגרינדעט געוואָרען, — אַ זעהר קורצע צייט אין דעם לעבען פון אַ פאלק, ובפרט פון אַזאַ אור־אַלטען פאָלק, ווי דאָס יודישע, — און דאך האט דער נאַציאָנאַל־פאָנד שוין בעוויזען אין אַזאַ קורצע צייט צו געווינען די ליעבע און דעם צוטרוי פון די ברייטע יודישע מאַסען און די פערשידענסטע יודישע קרייזען און שטאַנדען אין אַלע וועלט־טיילען.

און דאס איז געשעהען נישט בלויז דערפאַר, ווייל דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד דריקט מיט זיך

אוים די טיעפע בענקעניש פונ'ם יודישען פאָלק נאָך מאַטעריעלער און גייסטיגער זעלבסטשטענדיגקייט דורך דער אויסלייזונג און ערווערבונג פון זיין היסטארישען לאַנד, אבער אויך מחמת דעם, וואָס איהם, דעם נאַציאָנאַל-פאָנד, איז געלונגען צו געפינען פאַר הער פערווירקליכונג פון דער בענקעניש אַזאַ אור-אַלטע טראַדיציאָנעלע פארם, וועלכע איז גלייכציטיג די אַבסאלוט פאַסיגסטע פאַר די נייע סאָציאַלע אידעאַלען און שטרעבונגען פון אונזערע צייטען, ווי דאס איז צו זעהען גאַנץ דייטליך ווען מען בעקענט זיך מיט די הויפּט-פּרינציפּען פון דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד.

די הויפּט-פּרינציפּען, לוים וועלכע דער נאַציאָנאַל-פאָנד דאַרף דורכפיהרען און פערווירקליכען זיין אידעאַל, זענען פאלגענדע:

1) צו קויפען און ערווערבען מיט דעם געלד פונ'ם יודישען פאָלק דעם באָדען אין ארץ-ישראל און איהם שטעלען אין בעזיץ פונ'ם גאַנצען פאלק, אַזוי אַז בלויז דאס פאלק זאל זיין און בלייבען איינ-ביג דער איינציגער בעזיצער און אייגענטימער פון די ערד-שטחים, אויף וועלכע עס ווערען געשאַפען די נייע נאַציאָנאַלע ישובים.

אט דער ערהאַבענער פּרינציפּ, וועלכער איז איינער פון די הויפּט-פּרינציפּען אין דער גאַנצער לעהרע פון אונזער תורה און די נביאים, פאַסט אויך צו די נייע שטרעבונגען און אידעאַלען פון אונזער צייט, וועלכע פאָדערען, אַז דער באדען, אט דער פונדאַמענט פון דער פאלקס-ווירטשאַפט און פערמעגען, זאל ווע-רען און בלייבען דער בעזיץ פון דער געזעלשאַפט, פונ'ם פאלק.

2) צו בעאַרבייטען דעם יודישען באָדען בלויז מיט יודישע הענד. דאס הייסט: צו ערמעגליכען אויף דעם נאַציאָנאַלען באדען די שאַפונג פון דעם ריכטי-גען יודישען דאָרף, וואָס לעבט און עקזיסטירט בלויז אויף אייגענער אַרבייט.

אַזוי אַרום פערוואַנדעלט דער נאַצ.-פאָנד אין אַ האַר-מאָנישער איינהייט אַלע פערשידענע מאָמענטען אין

דעם אויפבוי פון אונזער לאַנד: דעם נאַציאָנאַלען און סאציאַלען, דעם עקאָנאָמישען און קולטורעלען.

דערפאַר איז ער אויך דער בעסטער און זיכערס־טער פאליטישער אינסטרומענט פאַר דער נאַציאָנאַ־לער און פאליטישער בעפרייאונג פון אונזער לאַנד און אונזער פאלק.

די גרויסע און וויכטיגע בעדייטונג פון קויפען וואָס מעהר באָדען אין ארץ־ישראל פאַר דער פער־ווירקליכונג פון דעם ציוניסטישען אידעאַל איז אַזוי פערשטענדליך, אַז מען דאַרף דא קוים רעדען וועגען דעם.

דער גרינדליכסטער מעזים פונ'ם ציוניזם דיק־טירט, אַז דער באָדען איז דער עצם פונדאַמענט פון דעם נאַציאָנאַלען בנין. די נשמה פון ציוניזם איז: דאס צוריקקעהרען צום באָדען.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס אַלס באָדען־אינסטרומענט פון דער ציוניסטישער ארגאַ־ניזאַציע, לייזט ער אוים גרויסע שטחים פון דעם ארץ־ישראל'דיגען פערוויסטען באָדען, טהוט דערמיט אַ זעהר גרויסע אַרבייט פאַר דער ענדגילטיגער בע־פרייאונג פון אונזער פאלק און אונזער לאַנד.

אבער די גרעסטע וויכטיגקייט פון דעם נאַציאָ־נאַל־פאנד בעשטעהט אין דער סאציאַלער זייט פון זיין טעטיגקייט, וועלכע איז צונויפגעקניפט און גע־בונדען מיט דעם נאַציאָנאַלען מאמענט און בעפעס־טיגט איהם אין אַלע הינזיכטען.

די אידעע פונ'ם נאַציאָנאַלען אייגענטום אויף דעם באָדען, וואָס ווערט געקויפט און ערוואָרבען פאַר די געלדער פון פאָלק, האָט זעהר פיעל פאָזיטיוועס פאַר דער שאַפונג פון אַ געזונדער נאַציאָנאַלער ווירט־שאַפט אין ארץ־ישראל.

מיר וועלען שוין נישט רעדען וועגען דעם, אַז דאָס סיסטעם פונ'ם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד העלפט זעהר פיעל אויסצוראָטען און פערניכטען די באָדען־שפעקולאַציע, וועלכע קאן אונז זעהר פיעל שאַדען

ברענגען ביי די ספעציעלע בעדינגונגען, אין וועלכע ס'געפינט זיך ארץ־ישראל.

וואס אונז איז דא אמווּכטיגסטען, איז דער אופן, ווי אזוי די מתנחלים בענוצען זיך מיט'ן באדען פון דעם נאציאנאל־פאנד.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז דעם באדען, וועלכען דער נאציאנאל־פאנד ערווערבט אלס אייביגען בעזיץ פונ'ם יודישען פאלק, דארף מען אבגעבען צו איינצעלנע אדער גרופּעס פון יודען, זיי זאלען איהם פריוואט אדער בשותפות בעארבייטען.

דער נאציאנאל־פאנד שהוט דאס אבער אויף אזא אופן און אויף אזעלכע בעדינגונגען, וועלכע גאראנ־טירען די פולע רעכט פון דעם יודישען פאלק אויף דעמדאזיגען באדען, און וועלכע שיצען גלייכצייטיג אויך די אינטערעסען פון די, וועלכע קאלאניזירען זיך אויף דעמזעלבען באדען.

ווי בעקאנט, , קאן דער באדען פונ'ם נאציאנאל־פאנד קיינמאל און ביי קיינע אומשטענדען נישט פערקויפט ווערען צו קיינעם, און דערפאר איז עס שוין אבסאלוט אונמעגליך, אז דער באדען זאל ווען ס'איז ארויס פון רשות פונ'ם פאלק: דער נאציאנאל־פאנד־באדען ווערט בלויז פערפאכטעט צו די קאלא־ניסטען.

כדי ווייטער צו שפּינען די אור־אלטע טראדיציע בנוגע דער נאציאנאליזאציע פונ'ם באדען, ווי זי איז אויסגעדרוקט געווארען אין דעם יובל־יאהר (שנת־היובל) פון תורת משה און ווערט אליץ מעהר אנער־קענט אין דער מאדערנער וועלט, איז די צייט פון פאכט בעשטימט געווארען אויף נײַן און פ י ע ר־צ י ג אדער אויף ניין און ניינציג יאהר, מיט דעם בע־דינג, אז ביז'ן סוף פונ'ם לעצטען פאכט־יאהר, האבען די פאכטער, אדער זייערע יורשים, דאס רעכט צו בעניַיען דעם פאכט־קאנטראקט מיט דעם נאציאנא־פאנד אויף א צווייטע תקופה פון 49 אדער 99 יאהר און אזוי ווייטער און ווייטער, עד סוף כל הדורות.

אזוי ארום בלייבט דאס פאלק אימער און איי־

ביז דער העכסטער בעל־הבית פון זיין באָדען־פער־מעגען.

דאס־דאזיגע סיסטעם רופט זיך דאס סיסטעם פון ירושה־פאַכט.

די קאָלאָניסטען, וועלכע פאַכטען דעם נאַציאָ־נאַל־פאָנד־באָדען, פערפליכטען זיך צו צאָהלען א יעהרליכען פאַכט־אָבצאָהל צום נאַציאָנאַל־פאָנד. די סומע פון דעם פאַכט־אָבצאָהל איז נאָך ניט ענד־גילטיג פעסטגעשטעלט געוואָרען. אַלענפאַלס שטייגט זי ניט איבער איבער דריי פראָצענט אין דאָרף און פיער אין שטאָדט.

ווען דער פאַכט־קאָנטראַקט ווערט צום סוף פון דער ערשטער פאַכט־קאָדענץ בעניים, בעשטימט מען פון ס'נייע די סומע פון דעם פאַכט־אָבצאָהל.

אין פערלויף פון אזא לאַנגער צייט קאָן זיך דער פרייז פון באָדען ענדערען אויף טייערער אָדער ביליגער, און ס'איז דערפאַר פאָלקאָם בערעכטיגט צו ענדערען אויך די פינאַנציעלע בעדינגונגען פון דעם פאַכט־אָבמאַך.

דער עיקר איז, דאס דער וואוקס איג'ם ווערט פון דעם באָדען געהערט ניט צום פרט, נאָר בלויז צום כלל: דער געזעלשאַפט, דעם פאָלק.

נאַטירליך, בעמיהט זיך דער נאַציאָנאַל־פאָנד ניט צו בעשטימען אזא פרייז און אזעלכע בעדינ־גונגען וואס קאָנען בעלעסטיגען די פאַכטער; אויך אין דעם פאַל איז די הויפט שטרעבונג פונ'ם נאַציאָ־נאַל־פאָנד אין איין און דערזעלבער צייט צו שיצען די אינטערעסען פון כלל און אויך די אינטערעסען פון דעם קאָלאָניסט.

דאס סיסטעם פון ירושה־פאַכט האט אַלזא אַלע מעלות, וואָס די אַגריקולטור־געלעהרטע און אויטאָ־ריטעטען געפינען אין פריוואַטען באָדען־בעזיץ, אבער ניט זייערע פעהלער; די פעהלער, וועלכע שטעלען תמיד אין געפאַהר די גאָר שטאַרקסטע לענדער און וועלכע ברענגען צו בלוטיגע רעוואָלוציעס.

דאס סיסטעם פון ירושה־פאַכט שאַפט די מעג־

ליבקייט צו קאָלאָניזירען אַ גרויסע צאָהל מענשען, וועלכע שטרעבען צו לאַנדווירטשאַפט, אָבער זיי בעזיצען נישט די מאַטעריעלע מיטלען כדי צו ערווערבען פאַר זיך דעם שטח באָדען, און וועלכען זיי נויטיגען זיך פאַר דעמדאָזיגען צוועק.

דאָס איז בעזונדערס וויכטיג ביי די תנאים פון דער קאָלאָניזאַציע אין א"י, וואו די חלוצים, וועלכע קאָלאָניזירען זיך, האָבען כלל אָדער כמעט קיין שום מיטלען נישט, כדי זיך זעלבסטשטענדיג צו מאַכען אויפ'ן באָדען.

די בעדייטונג פון דעם קק"ל-סיסטעם איז אויך זעהר וויכטיג צוליב דעם, וואָס עס פערזיכערט אויך איביג דאָס רעכט פון דער געזעלשאַפט אָדער פון דעם פאָלק צו בעשטימען און קאָנטראָלירען די אופנים ווי אַזוי מען דאַרף זיך בענוצען מיט דעם נאַציאָנאַלען באָדען און, אַלס רעזולטאַט דערפון, אויך צו קאָנטראָלירען די גאַנצע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון די קאָלאָניסטען.

קודם כל דערלאָזט נישט דאָס קק"ל-סיסטעם, אַז גרויסע שטחים באָדען זאָלען זיך ווען ס'איז קאָנצענטרירען אין די הענד פון פּריוואַטע מענשען.

הערמיט, וואָס דער קק"ל פערטיילט זיין באָדען צו די, וואָס קאָלאָניזירען זיך אויף איהם, בלויז לויט דער צאָהל פון זייערע אַרבייטענדע הענד, צווינגט ער די קאָלאָניזירטע, זיי זאָלען אָנווענדען די גאַר אינטענסיווסטע פאָרמען אין זייערע ווירטשאַפטען. דאָס וועט ברענגען דערצו, אַז מיט דער צייט וועט מען וואָס ווייטער אַלץ מעהר קאָנען פערקלענערען דעם שטח באָדען פון יעדער אַרבייטענדער פאַמיליע, און דעם באָדען, וועלכער וועט אויף אַזאַ וועג געשפּאָרט און פריי ווערען, וועט מען פערטיילען צווישען נייע זיעדלער, און אַזוי אַרום וועט דערגרייכט ווערען די נויטיגע קאָמפּאַקטקייט פון דעם אַגריקולטורעלען ישוב אויף דעם נאַציאָנאַלען באָדען.

אבער צו די אַלע בעזונדערע מעלות — די נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע — פון דעם

קק"ל-סיסטעם קומט צו נאך א מעלה אין קולטו-רעלער הינזיכט.

אין די ישובים, וואָס עקזיסטירען אויף דעם באָ-דען פון דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד, צווישען אַר-בייטער, ביי וועמען די אַרבייט איז דער עיקר פון זייער נשמה, וואַקסט און ערציהט זיך אַזאַ נייער אי-דישער דור, וועלכער איז מיט לייב און לעבען צוגע-בונדען צו דער אַרבייט, צום באָדען און צום פאטער-לאַנד.

כמעט אין אַלע ישובים וואָס אויפ'ן באָדען פונ'ם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד איז די העברעאישע שפראַך די מוטער-שפּראַך פון די קאָלאָ-ניסטען און בעזונדערס פון זייערע קינדער.

ס'איז אַלזאָ גאָר איבעריג אנצוווייזען דאַרויף, אַז די-דאָזיגע ישובים זענען די פעסטונגען פון דער העברעאישער שפראַך אין ארץ-ישראל.

דאָס קאָלאָניזאַציע-סיסטעם פונ'ם יודישען נאַ-ציאָנאַל-פאָנד איז נישט קיין איינציגער און נייער פערזוך, וועלכער ווערט געמאַכט בלויז דורך אונזערע חלוצים אין ארץ-ישראל.

אין פילע און פערשידענע ענטוויקעלטע לענ-דער איז מען שוין לאַנג בעשעפטיגט מיט דער פראַ-גע וועגען נאַציאָנאַליזירען דעם באָדען, אַזוי אַז ער זאָל געהערען צום גאַנצען פאָלק און נישט צו איינ-צעלנע גוטס-בעזיצער.

די-דאָזיגע שטרעבונג איז געקומען אַלס רעזול-טאַט פון דעם בעוואוסטזיין, אַז עס איז זעהר נויט-ווענדיג צו שיצען דעם באָדען און די אינטערעסען פון די קליין-בעזיצער צווישען דעם פויערים-שטאַנד, וועלכע זענען דער הויפּט-פונדאַמענט פון יעדער נאַ-ציע, פאַר די אַפּעטיטען פון די פערשידענע גרויס-בעזיצער אין דאָרף און די שפּעקולאַנטען אין שטאָדט, וועלכע עקספּלואַטירען דעם באָדען לטובת זייערע פערזענליכע אינטערעסען.

דער פאַקט, אַז זייט דעם יאהר 1908 ביז 1915 האָבען אין ענגלאַנד בלויז 50

פערזאָן זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו ווע־
רען בעלי־בתים (אויפ'ן סמך פון דעם „סמאל האָל־
דינג עקט") פון בסך־הכל 506 אַקער באָדען, און אין
דערזעלבער צייט האָבען 12.500 פערזאָן בעסער גע־
נומען ערד אין ירושה־פאַכט אויף אַ שטח פון
179.000 אַקער ; — אָט דער פאַקט איז דער בעס־
טער בעוויז, אַז דאָס נאַציאָנאַלע באָדען־איינגענטום,
אָדער נאַציאָנאַליזירטער באָדען אויף געוויסע בעדינ־
גונגען, וועלכע לאָזען דעם קאָלאָניסט אַ פרייע האַנד
אין זיין טעטיגקייט, איז די בעסטע פאָרם נישט
בלויז פאַר'ן כלל, פאַר דער געזעלשאַפט, אָבער אויך
פאַר'ן יחיד.

אמת, דאָס סיסטעם פון יודישען נאַציאָנאַל־
פאָנד נעהמט אַרום ערשט בלויז אַ טייל פון דעם
יודישען לאַנדווירטשאַפטליכען ישוב אין ארץ־
ישראל, אָבער שוין דערדאָזיגער טייל איז אַ מאָס־
געבענדער אין דעם ארץ־ישראל'דיגען ישוב, אַזוי
וואויל מצד זיין פערהעלטניסמעסיג גרויסער כמות,
ווי אויך מצד זיין איכות, וואָס וואַרפט זיך אַלעמען
אין די אויגען.

עס פערשטעהט זיך, אַז וואָס גרעסער ס'ווע־
לען ווערען די הכנסות און די מיטלען פון דעם יודי־
שען נאַציאָנאַל־פאָנד און וואס מעהר באָדען ער וועט
ערווערבען, אַלץ ווייטער און ברייטער וועט ער
קאָנען דורכפיהרען דעמדאָזיגען פאָרטשריטליכען
פרינציפ און אַלץ זיכערער און פעסטער וועט דאָן
ווערען די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע, וועלכע איז דער
זיכערסטער פונדאַמענט פון דעם יודישען אַרבי־
טער־דאָרף אין ארץ־ישראל, וואָס לעגט זיין שטעמ־
פעל אויף דעם גאַנצען ישוב אין לאַנד.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד איז אין פולס־
טען זין פונ'ם וואָרט דער בעזיץ און איינגענטום פון
דעם גאַנצען יודישען פאָלק. זיינע הכנסות, זיינע
געלד־מיטלען ווערען געזאַמעלט פונ'ם גאַנצען פאָלק
און ווערען פערווענדעט און קאָנטראָלירט דורכ'ן גאַנ־
צען פאָלק.

דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועל־
כער ווערט געוועהלט אויף די אַלוועלטליכע ציוניס־
טישע קאָנגרעסען, האָט די העכסטע השגחה איבער
דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, וועלכער איז געגרינ־
דעט געוואָרען דורך דעמזעלבען קאָנגרעס.

יעדער יוד קאָן, אַלזאָ, דורך זיינע פערטרע־
טער אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסען זאָגען זיין דעה
איבער דער פערוואַלטונג און טעטיגקייט פון'ם נאַ־
ציאָנאַל־פאָנד.

5

# די טעטיגקייט פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד

די גאַנצע טעטיגקייט פון דעם יודישען נאַ־
ציאָנאַל־פאָנד, פון זיין גרינדונג אָן ביז איצט, קאָן
מען טיילען אויף צוויי תקופות: 1) ביז דער גרויּ־
סער וועלט־מלחמה, און 2) נאָך איהר.

ביז דער גרויסער וועלט־מלחמה:

זיין טעטיגקייט אין ארץ־ישראל האָט דער יו־
דישער נאַציאָנאַל־פאָנד אָנגעפאַנגען כמעט באַלד
נאָכדעם, ווי ער איז רעגיסטרירט געוואָרען (אין
יאָהר 1907).

צו יענער צייט איז דער מצב פון דער יודי־
שער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל געווען אַ קלעג־
ליכער אין דעם זין, וואָס עס האָט איהר געפעהלט
סיסטעם, מאָדערנע מעטאָדען, אַ לייטענדער גייסט
און אַ פיהרענדע האַנד.

די ערשטע פּיאָנערען, די ביל"ויצעם, האָבען
מיט דער הילף פון באַראָן ראָטשילד און דער יק"א
געבראַכט גרויסע נוצען; מיט אויסערגעוועהנליכער
איבערגעבענהייט און אויפאָפּפערונג האָבען זיי גע־
לעגט דעם פונדאַמענט, אויף וועלכען מיר בויען
איצט אונזער יודישע היים.

זיי האָבען מיט מעשים און פאַקטען בעוויזען,
אַז דער יוד איז פעהיג צו ערד־אַרבייט און אַז ער

בעזיצט די נויטיגע איינגענשאַפטען דערצו: די פיזישע און גייסטיגע קרעפטען, געדולד און איבערגעבענהייט.

די מעטאָדען פון דער דאַמאָלסדיגער קאָלאָניזאַציע זענען אָבער געוועזן פערעלטערטע, אָבגעשטאַנענע; זיי זענען נישט געוועזן צוגעפּאַסט צו אונזערע ספּעציפּישע בעדינגונגען. וואו שטאָדט-מענשען קאָלאָניזירען זיך אויף וויסטען באָדען אָהן די נויטיגע ערפאַהרונג און אָהן גענוגענדע מיטלען; אַזוי אַרום האָט אונזער קאָלאָניזאַציע נישט געהאַט קיין גענוגענדע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע באַזיס. די ווירטשאַפט איז געוועזן איינזייטיג, געגרינדעט דערהויפּט אויף פּלאַנצונגען, וועלכע זענען דורכאויס אָבהענגיג פון די אויסלענדישע מערק, אָדער בלויז אויף תבואה. און דער קאָלאָניסט איז נישט געוועזן קיין פולשטענדיגער ערד-אַרבייטער.

ביי אַזעלכע קאָלאָניזאַציע-בעדינגונגען איז די אַרבייט אין די קאָלאָניעס, צוליב געוויסע עקאָנאָמישע סיבות, אַריבער אין די הענד פון געדונגענע אַרבייטער, פון די נאָהענטע אַראַבישע דערפער.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט דער יודישער ישוב אין ארץ-ישראל זיך נישט געקאָנט בעפעסטיגען הן אין עקאָנאָמישער און הן אין פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער הינזיכט.

דאָס האָבען דייטליך געזעהען די ערשטע יודישע אַרבייטער-פּיאָנערען, וועלכע זענען געקומען קיין ארץ-ישראל נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אין די יאָהרען 1904—1905, און זיי האָבען פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג „כיבוש העבודה“ (ערָאָבערן די אַרבייט) אין די עקזיסטירענדע יודישע קאָלאָניעס.

מיט זייער פולען גלויבען אין דעם ערהאַבענעם לאָזונג, זענען די בעגייסטערטע יונגע עלעמענטען פון מזרח-איראָפּאַ אַריינגעדרונגען אין די קאָלאָניעס, און מיט גרויס ליבע און איבערגעבענהייט

האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו קעמפען פאַר דעם אידעאַל פון יודישער אַרבייט.

זיי האָבען געפיבערט, געהונגערט, בעשרענקט זייערע לעבענס-בעדערפנישען נאָך מעהר ווי מעגליך, און קיין קרבן איז פאַר זיי נישט גרויס געווען, אַבי זיך אַזוי צופאַסען צו דער אַרבייט, אַז זיי זאָלען זיך קאָנען פערמעסטען מיט דעם אַראַבישען אַרבייטער, וועלכער האָט זיך אויף דער שווערער אַרבייט ערצויגען פון קינדווייז אויף.

אָבער זייער גאַנצע שווערע מיה און ענערגיע און זייער אונענדליך ליידען און אָפּפערן איז געגאַנגען לאיבוד. פון יאָהר צו יאָהר האָט זיך אַלץ מעהר ארויסגעוויזען, אַז דער יודישער אַרבייטער קאָן נישט בײַשטעהן די קאָנקורענץ פון דעם אַראַבישען אַרבייטער, וועלכער פערקויפט זיין מיה פאַר גראָשענס.

און דער סוף איז געווען, אַז די יודישע אַרבייטער האָבען זיך מיאש געווען פון פערווירקליכען זייער לאזונג „כיבוש העבודה“ אין דער פאָרם, ווי זיי האָבען איהם פּראָקלאַמירט, און זיי האָבען אויך נישט מעהר געזעהן קיין שום אויפטהו דערין, ווען עס וועט זיי אפילו געלינגען נאָך איבעריגע אָנשטרענגונגען אַרײַנצושפּאַרען אין די קאָלאָניעס עטליכע צעהנדליג יודישע אַרבייטער.

עס איז פאַר זיי קלאָר געוואָרען, אַז עס איז נויטיג צו שאַפען נעבען די שוין עקזיסטירענדע קאָלאָניעס אַ נײַעם לאַנדווירטשאַפטליכען ישוב אויף גאַנץ אַנדערע יסודות. און אַז די פּיאָנערען פון יודישער אַרבייט דאַרפען אַליין אויף זיך נעהמען די דאָזיגע אויפגאַבע פון גרינדען זעלבסשטענדיגע אַרבייטער-ווירטשאַפטען.

דאַמאָלס איז דאָס געבוירען געוואָרען די איזעע פון דער קבוצה (קאָאָפּעראַטיוו), וואָס איהר צוועק איז: מאַכען אַ וועג פאַר דער אויסבילדונג פון נײַע קאָלאָניזאַציע-פאָרמען.

דער יודישער נאַציאָנאַל-פאָנד איז געווען דער ערשטער און איינציגער נאַציאָנאַלער אינסטי-

מוט, וועלכער האָט אין פולען זין פונ׳ם וואָרט גע־האַלפען פריהער צו לעזען די פראַגע פון יודישער אַרבייט אין ארץ־ישראל און דערנאָך אויך די פראַ־גע פון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע אויף נייע יסודות.

אויפ׳ן באָדען פונ׳ם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד און מיט דער פינאַנציעלער הילף פון דעמזעלבען פאָנד זענען געגרינדעט געוואָרען די ערשטע לאַנד־ווירטשאַפטליכע קבוצות: ב ן ־ ש מ ן, ח ו ל ד ה, ד ג נ י ה, כ נ ר ת און מ ר ח ב י ה.

די דאָזיגע ערשטע קבוצות האָבען אַ בעזונדערן וועָרט און בעדייטונג אין דער געשיכטע פון דער נייער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע. ווייל זיי האָבען געדינט אַלס שמעלצטאָפּ פאַר די פּרינציפּען פון „כיבוש־העבודה“ און פאַרבעריטונג פון יודישע יונ־גע־לייט צו לאַנדווירטשאַפטליכער אַרבייט.

צעהנדליגע יודישע ערד־אַרבייטער, פון די בעסטע אינ׳ם לאַנד, זענען מיט דעם לויף פון דער צייט ערצויגען געוואָרען אין די אחוזות פון דעם יו־דישען נאַציאָנאַל־פאָנד.

אין די קבוצות האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען דאָס זוכען פון נייע ווירטשאַפטליכע פאָרמען.

די ערשטע אחוזות פון דעם יודישען נאַציאָ־נאַל־פאָנד — בן־שמן און חולדה — זענען בעשטאַ־נען פון פלאַנצונגען, ווי די מעהרסטע קאָלאָניעס פון דער ערשטער קאָלאָניזאַציע־עפּאָכע. אָבער שוין אין די ערשטע יאָהרען פון זייער עקזיסטענץ האָט מען אָנגעהויבען זאָרגען, אַז זייער ווירטשאַפט זאָל נישט בלייבען קיין איינפּאַרביגע. די ווירטשאַפט — ספּע־ציעָל אין בן־שמן — האָט מען אַוועקגעשטעלט בעיקר אויף תבואה און דערביי אַ מעלקעריי; מען האָט אויך פיעל געזאָרגט פאַר אַ הויז־ווירטשאַפט: ווי עופות־צוכט, געמיזע, פרוכט־בוימער א. ד. גל.

די אַלע קבוצות, וואָס זענען געגרינדעט געוואָ־רען נאָך פאַר דער מלחמה, זענען אין פערלויף פון דער צייט פערוואַנדעלט געוואָרען אין קאָלאָניזאַציע־




פונקטען מיט אַ בעשטימטער און שטענדיגער ווירטשאַפטס־פאָרם.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד — און דאָס שוין אין אָנפאַנג פון זיין טעטיגקייט אין ארץ־ישראל — איז דער ערשטער געקומען צו־הילף די תימנ'ער יודען, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען צו קומען מאַסענ־ווייז קיין ארץ־ישראל.

דידאָזיגע ברידער אונזערע, וועלכע האָבען זיך קוים געראַטעוועט מיט זייערע לעבענס און זענען געקומען קיין ארץ־ישראל אַזוי ארים און עלענד, האָבען זיך זעהר אויסגעצייכענט מיט זייער געדולד, און עס האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזען, אַז זיי זענען די גלענצענדסטע עראָבערער פון דער אַרבייט.

זיי, די תימנ'ער יודען, וועלכע קאָנען בע־שרענקען זייערע הצטרכות'ן פונקט אַזוי ווי אַ ריכ־טיגער אַראַבישער פעלאַך, האָבען אָנגעפאַנגען אַריינ־צודרינגען אין די קאָלאָניעס. די אַרבייטס־בעדינגונ־גען זענען געוועזען זעהר שווערע; די לעבענס־בעדינ־גונגען — נאָך פיעל ערגער ווי מען קאָן זיך פאָר־שטעלען אין דער פאַנטאַזיע. עס איז נויטיג געוועזען, מען זאָל פאַר דידאָזיגע טרייע אַרבייטער שאַפען וועלכען ס'איז פונקט פאַר אַנ'אָנהאַלט, ווענינגסטענס זיי פערזאָרגען מיט הייזער צום וואוינען.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד איז דאָס גע־ווען דער, וועלכער האָט דאַמאָלס פערקערפערט דאָס בעשיידענע פראָגראַם פון הילף פאַר די תימנ'ער אי־מיגראַנטען, און ער האָט אויפגעשטעלט עטליכע תימנ'ישע קוואַרטאַלען נעבען די גרויסע יודישע קאָ־לאָניעס אין יהודה: „מחנה־יהודה" נעבען פתח־תקוה; „שיבת־ציון" נעבען ראשון־לציון; „שערים" נעבען רחובות; „נחליאל" נעבען כנרת און בעזונ־דערע הייזער אין נס־ציונה.

אויך פאַר דער ענטוויקלונג פון דער נייער העברעאישער קולטור אין ארץ־ישראל האָט דער יו־דישער נאַציאָנאַל־פאָנד זעהר פיעל אויפגעטהון. ער האָט פערזאָרגט מיט באָדען פיעל וויכטיגע קולטו־




רעלע אינסטיטוציעס: דאָס העברעאישע גימנאַזיום „הרצליה“ אין תּל-אָביב, די אָרטאָדאָקסישע שולע „תחכמוני“ אין יפו, דאָס טעכניקום און די רעאַל-שולע אין חיפה. דער יודישער נאַציאָנאַל-פאָנד האָט אויך אויפגעבויט די „בצלאל“-געבײַדעס אויף זײַן באָדען אין ירושלים.

צווישען די אַנדערע טעטיגקײַטען פון דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד דאַרף אויך אונטערגעשטראָכען ווערען זײַן בעפלאַנצען און בעוואַלדען ארץ-ישראל. דיזאָזיגע אַרבײַט, וועלכע געהערט נישט צו די צענטראַלע אויפגאַבען זײַנע און וועלכע ווערט געטהון אויף'ן חשבון פון אַ ספּעציעלען פאָנד מיט דעם נאָמען „קרן תרומות העצים“, פערנעהמט דאָך אַ בעדײַטענדען אָרט צווישען אַלע אַנדערע פאָרבע-ריטונגס-אַרבײַטען.

אויב דער בוים האָט אַ גרויסע קולטורעלע בע-דײַטונג פאַר יעדען לאַנד, אַזוי, אַז אומעטום זאָרגט די רעגירונג און די געזעלשאַפט ספּעציעל פאַר דער עקזיסטענץ פון די וועלדער און פערשידענע פלאַנ-צונגען, איז שוין אַ כּל-שכּן ווי גרויס עס איז די בעדײַטונג און די וויכטיגקײַט פון אַ שאָטען-בוים אין דעם נאַקעטען ארץ-ישראל, וואו די צאָהל פון בוי-מער איז אַזוי קליין.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז די פלאַנצונגס-אַר-בײַט איז נישט לויט די כּחות פון דעם איינצעלנעם. דיזאָזיגע אַרבײַט איז אומעטום די פליכט פון דער רעגירונג אָדער פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. בײַ אונז, יודען, איז די אויפגאַבע אַרויפגעלעגט גע-וואָרען אויף דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד.

אָנפאַנגס זענען געפלאַנצט געוואָרען פרוכט-בוימער — דערהויפּט אָליווען-בוימער (יער-הרצל)— וואָס דער רוב פון זיי איז פערניכטעט געוואָרען בעת די מלחמה-יאָהרען. דערנאָך האָט מען אָנגעפאַנגען פלאַנצען וואַלד-בוימער, וועלכע פאָדערן נישט קײַן איבעריגע הוצאות און קײַן ספּעציעלען אומגאַנג, וואַקסען זעהר שנעל און זענען זעהר נוצליך פאַר די

קאָלאָניסטען און דעם קלימאַט אין לאַנד. דער יודי־שער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט ביז איצט בעוויזען צו פערפלאַנצען אַ שטח פון 2.196 דונאַם. די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער בעוואַלדונג ווערט איצט געפיהרט נאָר איין טאָג אין יאָהר — כ' תמוז, דעם טאָג פון הערצל'ס פּטירה.

אין אַלגעמיין דאַרף מען אָנווייזען אויף דעם פאַקט, אַז פאַר דער מלחמה האָט דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד ערפילט כמעט אַלע אויפגאַבען פון אַ קאָלאָניזאַציע־אינסטיטוציע, און בלויז ער איז דאָס געווען דער אינסטיטוט, וועלכער האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ ריכטיגע נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, וואָס איצט, נאָך דער וועלט־מלחמה, ענטוויקעלט זי זיך ווייטער מיט דער הילף פון „קרן־היסוד“.

די אַלגעמיינע סומע פון אַלע אינוועסטירונגען פונ'ם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד אין ארץ־ישראל זינט זיין גרינדונג ביז דער מלחמה (1914) האָט דער־גרייכט די ציפער פון 144.641 ענגלישע פונט; דאָס מאַכט אוים אין דורכשניט אויף אַ יאָהר 11.000 ענגלישע פונט.

ביז דער מלחמה האָט דער נאַציאָנאַל־פאָנד ערוואָרבען אין ארץ־ישראל 22.000 דונאַם באָ־דען, וואָס עס מאַכט אוים אין דורכשניט 2.093 דו־נאַם אויף אַ יאָהר.

## 6

## די טעטיגקייט פון יודישען נאַצ.־פאָנד נאָך דער מלחמה

אין פערלויף פון די מלחמה־יאָהרען האָט דער נאַציאָנאַל־פאָנד נישט געהאַט קיין שום מעגליכקייט ווייטער פאָרטצוזעצען און ענטוויקלען זיין אַרבייט אין ארץ־ישראל. ער האָט דאַן געהאַט בלויז איין זאָרג: אָפּצוהיטען דאָס, וואָס עקזיסטירט שוין, אַכ־טונג געבען אויף זיינע קאָלאָניזאַציע־פונקטען, זיי

זאָלען נישט גענצליך רואינירט און פערניכטעט ווע־
רען. דידאָזיגע אָנשטרענגונג איז דעם נאַציאָנאַל־
פאָנד מעהר אדער ווייניגער געלונגען, און זיינע גי־
טער האָבען אין די מלחמה־יאָהרען געדינט אלס א
געוויסע שטיצע אויך פאַר דעם יודישען ישוב ארום.

אין משך פון די יאָהרען 1915—1917 האָט
דער נאַציאָנאַל־פאָנד איינוועסטירט אין ארץ־ישראל
20.737 עגיפּטישע פונט, דאָס הייסט אין דורכשניט
7.000 פונט אויף אַ יאָהר, אָבער ער האָט נישט ער־
וואָרבען אפילו קיין איין דונאָם באָדען.

די סיסטעמאַטישע אַרבייט פון דעם נאַציאָ־
נאַל־פאָנד האָט זיך בענייט און ווידער אָנגעפאַנגען
באַלד נאָך דער מלחמה, צוזאַמען מיט דעם זיעג פון
דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיט דער פער־
שטאַרקונג פון דעם אינטערעס צו ארץ־ישראל צווי־
שען אַלע קרייזען און שיכטען פון דעם יודישען פאָלק
אין אַלע גלות־לענדער.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבען די
הכנסות פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד אָנגע־
פאַנגען צו שטייגען אין אַזא מאָס, וועגען וועלכער
מען האָט פאַר דער מלחמה אפילו נישט גע'חלומ'ט
(161.300 עגיפּטישע פונט איז געוועזען די הכנסה
פונ'ם נאַציאָנאַל־פאָנד אין דעם יאָהר 1920, דאָס
הייסט: איבער 13 מאָל מעהרער ווי זיין הכנסה אין
ערשטען יאָהר). אָבער מחמת דעם, וואָס דער קורס
פון געלד אין די איראָפּעאישע לענדער איז זעהר
געפאַלען, ווי אויך צוליב דעם שווערען צושטאַנד אין
רוסלאַנד, און אַביסעל אויך צוליב די זאַמלונגען פאַר
דעם „קרן־היסוד“, זענען די הכנסות פון דעם נאַ־
ציאָנאַל־פאָנד באַלד בעדייטענד געפאַלען; זיי האָ־
בען אָבער ווידער אָנגעפאַנגען צו שטייגען גלייך נאָכ־
דעם ווי דאָס הויפּט־ביוראָ איז אַריבערגעפיהרט גע־
וואָרען קיין ארץ־ישראל. יעדענפאַלס האָט דאָס
שטייגען פון זיינע הכנסות אין פערגלייך צו דעם
פאַר־מלחמה'דיגען פעריאָד איהם געגעבען די מעג־
ליכקייט צו ענטוויקלען אַזא ווירקליך ברייטע און

גרויסע טעטיגקייט, אַז זי האָט געהאַט אַנ'אָנזעהעווידיגען איינפלוס אויף דער גאַנצער ענטוויקלונג פון דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ-ישראל.

מיט דער גרינדונג פון „קרן-היסוד“, אַלס קאָלאָניזאַציע-פאָנד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז בעשטימט געוואָרען אַ געוויסע גרענעץ פאַר די טעטיגקייטען פון דעם נאַציאָנאַל-פאָנד.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויפגעלעגט אויף דעם נאַציאָנאַל-פאנד די אויפגאַבע: ער זאָל פיהרען די באָדען-פּאָליטיק אין ארץ-ישראל, אין שטאָדט און אין דאָרף. אין פערבינדונג דערמיט האט זיך דער נאַציאָנאַל-פאָנד דערנעהנטערט צו זיין הויפט-צוועק און ער איז געוואָרען פאַקטיש דער פאָנד צו ערווערבען דעם באָדען אין ארץ-ישראל.

זיין טענדענץ און זיינע קניות אין משך פון די לעצטע יאהרען איז געווען: ערווערבען דערהויפּט דאָרף-באָדען. די-דאָזיגע טענדענץ שטאַמט פונ'ם עצם פון דער ארץ-ישראל'דיגער ווירקליכקייט.

די ציוניסטישע ארגאַניזאַציע, וועלכע איז די טרעגערין פון דעם אידעאַל אומצוקעהרען דאָס אידישע פאלק צו זיין אייגען לאַנד אין דעם גאר ממשות'דיגען זין פון די-דאָזיגע ווערטער, קאָן זיך נישט און טאר נישט אבגעבען מיט די מאָמענטאַלע שטרעבונגען פון די פערשידענע איינוואַנדערער אין ארץ-ישראל, וועלכע קאָנצענטרירען זיך אין די שטעדט; זי דאַרף און מוז קודם-כל זאָרגען צו דערגרייכען דאָס פונדאַמענטאַלע נאַציאָנאַלע ציעל: די קאָלאָניזאַציע פון אַנ'אַרבייטענדען לאַנדווירטשאַפטליכען פאָלק. די ערשטע און וויכטיגסטע באַזיס פאַר דעם ציעל איז: דער לאַנדווירטשאַפטליכער באָדען. אויסער דעם איז דער שטאָדטישער באָדען זעהר טייער און די קליינע מיטלען פון דעם נאַציאָנאַל-פאָנד זענען נישט גענוגענד ער זאָל קאָנען ערווערבען גרויסע שטחים באָדען אויך אין די שטעדט, אפילו ווען דער נאַציאָנאַל-פאָנד זאָל וועלען נעהמען אויף

זיך די־דאָזיגע אויפגאַבע אין איהר גאַנצען היקף. דאריבער קאן דער נאַציאָנאַל־פאָנד פאַקטיש נישט זיין גלייכצייטיג דער טרעגער פון דער באָדען־פּאָלי־טיק אין דאָרף און אין שטאָדט; ער קאָן די־דאָזיגע פּאָליטיק פיהרען און פערווירקליכען בלויז אין דאָרף און אין ד ע ר שטאדט. וואו עס זע־נען פאַרהאַן מעגליכקייטען צו שאַפען און אויפבויען אַזעלכע קוואַרטאַלען און גאָרטען־שטעדט, וואָס ווע־לען אויך טראָגען דעם שטעמפּעל פון לאַנד־ווירט־שאַפט.

די קרוין פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד'ס אַזוי וויכטיגע, ערפאָלגרייכע און גלענצענדע טעטיגקייט אין ארץ־ישראל זענען אָבער זיינע גרויסע באָדען־קניות אין דעם עמק־יזרעאל.

דער עמק, וועלכער ווערט פון די אור־אַלטע צייטען אָן בעטראַכט אַלס דאָס הארץ פון אונזער לאַנד, האָט תמיד געצויגען צו זיך די הערצער פון אונזערע בעסטע ציוניסטען און איז שטענדיג גע־שטאַנען אין צענטער פון זייער גליהענדסטען טרוים וועגען גאולת הארץ. און דאָס נישט בלויז צוליב זיין ראָמאַנטישער זייט, נאָר נאָך מעהר צוליב דעם, וואָס ס'איז אַלעמען קלאָר געווען, אַז אונזער בעפעס־טיגען זיך אין עמק, וועלכער בעשטעהט פון ווייט און ברייט פונאַנדערגעשפּרייטע פעראייניגטע פלעכען, וואָס זענען פעט און האבען אַ שפע פון וואַסער, וועט שאַפען פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע די מעגליכקייט צו ענטוויקלען אַ ווירקליך גרויסע און ברייטע קאָלאָניזאַציע. אָבער ערשט אין יאהר תרפ"א האָט דער אידישער נאַציאָנאַל־פאָנד, אַדאַנק דעם אייזערנעם ווילען פון ה' מ. מ. אוסישקין, ערוואָר־בען די ערשטע גרויסע שטחים אין עמק: דעם נהלל־קאָמפּלעקס, וועלכער בעשטעהט פון 18.612 דונאַם און דעם נורים־קאָמפּלעקס, וועלכער בעשטעהט פון 29.425 דונאַם.

די־דאָזיגע היסטאָרישע קניה האט דער נא־ציאָנאַל־פאָנד געמאַכט אין אַ צייט פון פאָלשטענ־

דיגען שטילשטאנד אין דער ארבייט, אזוי וואויל אין ארץ־ישראל, ווי אויך אין דער אלוועלטליכער ציוני־סטישער ארגאניזאציע.

די קניה אין עמק האט צושטערט דעם שטיל־שטאנד און האט אויפגעוועקט די פערשלאפענע קרעפטען אין דער ארגאניזאציע און אין דעם גאנ־צען יודישען פאלק, זי האט פערשטארקט און ענט־וויקעלט אין דער יודישער נאציע די לוסט צו געבען און אפפערען פאר ארץ־ישראל און האט געגעבען דער נאציאנאלער קאלאניזאציע דעם שטוים צו א נייעם מאסשטאב; אויף איהר און איהרע עראבע־רונגען באזירט איצט די גאנצע ציוניסטישע פראפאגאנדא.

ווי שוין אויבען געזאגט, האט דער אידישער נאציאנאל־פאנד נאך דער מלחמה קאנצענטרירט זיין ארביים בלויז אין די ראהמען פון אויסליזען דעם באדען אין ארץ־ישראל און איהם איבערגעבען אין פאכט צו קאלאניסטען, וועלכע בויען זייערע ווירט־שאפטען מיט דער הילף פון קרן־היסוד. אבער לויט די ספעציעלע בעדינגונגען און אומשטענדען אין ארץ־ישראל, האט ער זיך נישט געקאנט בעשרענקען בלויז אין תחום פון דער אויפגאבע אליין. דער באדען אין ארץ־ישראל אין אלגעמיין, און אין עמק בעזונדערס, וועלכער איז געווען פערנאכלעסיגט און וויסט שוין פון פיעלע און פיעלע דורות, איז נאך דאן פאסיג פאר קאלאניזאציע, ווען עס ווערען אויף איהם גע־מאכט בעשטימטע פערבעסערונגען. עס האנדעלט זיך דא נישט וועגען אזעלכע פערבעסערונגען, וואס זייער צוועק איז מען זאל קאנען דעם באדען אמבעסטען און אממעהרסטען עקספלואטירען. דא האנדעלט זיך וועגען אזעלכע פארבערייטונגען, וואס זענען נויטיג פאר דעם סאמע אנפאנג פון דער קאלאניזאציע, ווי צום ביישפיל: אויסטריקענען די זומפפען, שניידען וועגען, וואסער־פערזארגונג א. ד. ג. פערבעסערונגען פון דעם מין זענען דער ערשטער בעדינג, וועלכער איז נויטיג פאר דער קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל. אהן

זיי בלייבט דער באדען אַ טויט פערמעגען, פון וועל־
כען דער קאָלאָניסט קאָן קיין שום נוצען ניט ער־
ווארטען. די־ראָזיגע אַרבייטען האָבען געפאָדערט,
אמת, גרויסע מיטלען, אָהן זיי האט מען גאָרניט
געקאָנט אַפילו חלומ'ען װעגען דער עראָבערונג פון
עמק. דער נאַציאָנאַל־פאָנד האט דאַריבער געהאַט די
אויפגאַבע **פאלשטענדיג אויסצוליזען**
דעם באָדען, דאָס הייסט: צו מאַכען אויף איהם די
ערשטע פערבעסערונגען, אַז ער זאָל זיין פאַסיג פאַר
דער קאָלאָניזאַציע פון די חלוצים פון דער דריטער
עליה.

די צאָהלרייכע קוואַלען אין עמק, אט די נאַ־
טירליכע ברכה פון דעם באדען, האָבען אין פערלויף
פון דורות און דורות, אַלס רעזולטאַט פון דער פער־
ברעכערישער נאַכלעסיגקייט, וואָס האָט געלאָזט איהרע
שרעקליכע שפורען איבערן גאַנצען לאַנד, פערוואַנ־
דעלט דעם באָדען אין אַ גאָטס־פלוך. און אַז דער
נאַציאָנאַל־פאָנד האָט ערוואָרבען די דערמאהנטע
שטחים אין עמק, זענען זיי געווען כמעט ווי איין
גרויסער זומפּ. בלויז אין נורים האט דער שטח פון
די זומפען פערנומען אַ שטרעקע פון ביז 16000
דונאַם. מען האט דאַמאלס געמיינט, אַז עס איז
גאָר ניט פאַראַן קיין מעגליכקייט צו פערוואַנדלען
אין ריכטיגען קאָלאָניזאַציאָנס־באָדען די ערד פון
עמק, וועלכע האָט פאַר דורות און דורות גע־
דינט אַלס נעסט פון אונהיילבאַרען פיעבער. אַנ'אַל־
טער מעדיצין־דאקטאָר, וועלכער וואוינט שוין אין
לאַנד איבער 30 יאהר און ווערט בעטראַכט אַלס אַ
גרויסער ספּעציאַליסט אין די פיעבער־קראַנקהייטען,
האט ערקלערט, אַז דאָס בעזעצען די חלוצים אויף
אזאַ באָדען איז אַנ'אונפערצייהליכער פערברעכען
מצד די קאלאניזאַציע־אינסטיטוציעס. דער נאַציאַ־
נאַל־פאָנד האט אבער ערנסט געגלויבט אין די מאָ־
דערנע קאַמפּס־מיטלען געגען די זומפּען און די
קראַנקהייטען, וועלכע זיי פערשפּרייטען, און אויף
דעם גרונד פון דעם גלויבען האט ער זיך באַלד גע־

גומען אויסצוטריקענען די־דאזיגע זומפּען. דאס איז געווען ווירקליך אַ גרויסע אונטערנעהמונג, וועלכע האט געפאדערט גרויסע מיטלען און קודם־כל אַ בע־זונדערע איבערגעבענהייט און אויפאפּפערונג מצד די חלוצים. און די לעצטע האבען עס בעוויזען. זיי האבען זיך געשטעלט אין געפאַהר אויף שריט און טריט און טאָג־טעגליך.

איצט זענען שוין די זומפּען אויסגעטריקענט און דאָס האָט באַלד געהאַט אַ בולט'ע ווירקונג אויף דעם געזונד־צושטאַנד פון די אַרבייטער. שוין אין דעם ערשטען יאהר נאך דער טראָקענונג פון עמק זענען די פאַלען פון פיעבער־קראַנקהייטען פערקלע־נערט געוואָרען ביז 35%; אינ'ם צווייטען יאהר — ביז 22%; אינ'ם דריטען יאהר — ביז 15%. צוזאַ־מען זענען אויסגעטריקענט געווארען זומפּען אויף אַ שטח פון 20.000 דונאַם באָדען.

צווישען די פערבעסערונגס־אַרבייטען, וועלכע זענען דורכגעפיהרט געוואָרען אַלס אנפאַנג פון דער קאָלאָניזאַציע, דאַרף מען אויך אונטערשטרייכען דאס לעגען די שאָסעען און די איינאָרדנונג פון דער בע־וואַסערונג אין אַלע נייע קאָלאָניזאַציע־פּונקטען אין עמק און אויך אין אייניגע אַלטע פּונקטען. צוזאַמען ביז 20 פּונקטען.

די אַרבייט פון אויסטריקענען די זומפּען און איינריכטען די בעוואַסערונג וועלען אין דער נאהענ־טער צוקונפט מעגליך מאַכען די איינאָרדנונג פון אַ בעוואַסערונגס־סיסטעם אין פיעלע און פיעלע ערטער פון עמק, פון וואָס עס הענגט אב אין אַ גרויסער מאָס דער ווירטשאַפטליכער ערפאָלג פון די נייע יודישע ישובים.

אַדאַנק אָט דער גרויסער אַרבייט פון דעם נאַ־ציאָנאַל־פאָנד איז געשאַפען געוואָרען די מעגליכקייט צו קאָלאָניזירען דעם באָדען אין עמק־יזרעאל. אויף דעם באָדען, וועלכער איז געקויפט און פארבערייטעט געוואָרען דורכ'ן יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, האָט

דער קרן־היסוד אויפגעשטעלט זײַנע גרויסע ישובים, די 14 פונקטען אין עמק.

„דער עמק“! די־דאזיגע צװײַ װערטער זענען איצט געװאָרען אַ סימבאָל און אַ לײַכט־טורעם. אַפילו די מענשען, װאָס קענען ארץ־ישׂראל בלויז פון די מאָגערע מעלדונגען און ניַיעסען, װאָס זיי הערען און כאַפּען דאָ און דאָרט, אויך זיי װײסען פון דעם גרויסען קאָלאָניזאַציע־װערק, װאָס איז געשאַפען געװאָרען אין מאַמע הארץ פון אונזער לאַנד אין אַזאַ קורצער צײַט, כמעט אין פערלויף פון בלויז דרײַ יאָהר. דער עמק איז די קוזשניע, װאו עס שמידט זיך די יודישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל. דאָ האָט זיך ענטפּלעקט אין זײַן גאַנצער מאַכט דער פּיאָנער־כּח פון דעם יודישען פאָלק, די קראַפט פון דעם יונגען חלוץ, װעלכער װאַרפט זיך אַרײַן אין דעם דאָזיגען קעסעל פון אונענדליכער שאַפונג, פערהאַרטעװעט זיך און בעקומט אַרויס בעשטימטע פאָרמען פון קאָלאָניזאַציע און קולטור. זומפּיגער װיסטער באָדען איז פערװאַנדעלט געװאָרען אין אַ קולטורעלען ישוב, אין בליהענדע פעלדער פון תבואה און פלאַנצונגען. דאָרטען, װאו עס האָבען ביז איצט געװאַנדערט די װילדע שבטים מיט זייערע טשערעדעס, האָבען זיך בעפעסטיגט די בעסטע חלוצים פונ׳ם פאָלק. אַלע פאָרמען פון דער קאָלאָניזאַציע, װעלכע זענען איינגעפיהרט אין לאַנד, האָבען דא געפונען זייער טיפּישען אויסדרוק. דער גרויסער „מושב־עובדים“ מיט זײַן אינדיװידועלער װירטשאַפט פון איין זײַט (נהלל און כּפר־יחזקאל), די „גרויסע קבוצה“ מיט איהר קאָלעקטיװער װירטשאַפט און הונדערטער מיטגלי־דער פון דער צװײַטער זײַט (עין־חרוד, תל־יוסף און בית־אלפא) און צװישען זיי די מעסיגע און „קליינע קבוצה“ (גבע און דזשינדזשאר). דער עמק איז נישט בלויז אַ לאַזונג פון אַ ניַיער קאָלאָניזאַציע: עס איז אַ װעג, אַ סיסטעם. אַ סיסטעם, װאָס פאַנגט זיך אָן פון דעם פונדאַמענט, פון דער פאָרבערײַטונג אין אַלע איהרע צװײַגען, און ענדיגט זיך מיט העם דאָר, מיט

דעם פערזארגען די פונקטען מיט אלע נויטיגע מיט־לען, וואָס זאָלען זיי געבען די מעגליכקייט, צו שאַ־פען אין משך פון אַ בעשטימטער צייט אַ געמישטע און אינטענסיווע אַגריקולטורעלע ווירטשאַפט, וועל־כע זאָל זיך זעלבסט אויסהאַלטען.

און די באַזיס פאַר אַט דער נייער קאָלאָניזאַ־ציע, מיט איהרע פערשידענע ווירטשאַפטליכע און געזעלשאַפטליכע פארמען און מיט הונדערטער נייע לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער, האָט געשאַפען דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד מיט זיין ברייטער און גרוי־סער אַרבייט נאָך דער מלחמה.

די אַרבייט פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד האָט זיך נאָך דער מלחמה פערגרעסערט און פער־ברייטערט נישט בלויז אין איכות נאָר אויך אין כמות.

אויף דעם באָדען פון דעם יודישען נאַציאָ־נאַל־פאנד איז אויפגעבויט געוואָרען דער ערשטער אַרבייטער־קוואַרטאַל נעבען תל־אָביב (שכונת־באָרו־כאוו) און איינינע שטאדטישע קוואַרטאַלען (נורדיה אין תל־אָביב, שכונת יחיאל — אין חיפה, מקור־חיים (געגרינדעט פון מזרחי) אין ירושלים), פאַר די אונפערמעגליכע איינוואנדערער, וועלכע ליידען זעהר שטאַרק פון טייערען דירה־געלד אין שטאדט.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט פערגרע־סערט די שטחים באָדען פון פיעל שוין עקזיסטי־רענדע קאָלאָניעס און האָט אין איינינע פון זיי איינ־געפיהרט בעוואַסערונג.

ער האָט ערוואָרבען דעם באָדען פאַר דער מזרחיסטישער קאָלאָניע חיטין, דאס ערשטע דאָרף פון אָרטאָדאָקסישע יודען אין ארץ־ישראל.

ער האָט אויך אנגעפאַנגען זאָרגען פאַר דער פערגרעסערונג און פערברייטערונג פון די תימנ'ער קוואַרטאַלען, וועלכע ליידען אַ גרויסען מאַנגעל אין געניגענדען באָדען פאַר אַ קליינער ווירטשאַפט.

אין אַלגעמיין איז דער באָדען־בעזיץ פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד, און פערלויף פון די יאָה־

רען נאָך דער מלחמה (ביז אין מיטען יאָהר תרפ"ד) געשטיגען פון 22.000 דונאַם ביז 106.000 דונאַם, דאס הייסט פינף מאָל אזוי פיעל; און מיט זיין גייעם באדען-קויף, וועגען וועלכען מיר וועלען ווייטער רע-דען — אונגעפעהר 40.000 דונאַם — גרייכט איצט דער בעזיץ פון זיין באדען ביז 150.000 דונאַם. די צאָהל פון די קאָלאָניעס און די קאָלאָניזאַציע-פונקטען אויף זיין באדען זענען געשטיגען פון 5 ביז 30, מיט אַ בעפעלקערונג פון 2.600 נפשות און 1.900 אַרביי-טער און אַרבייטערינס.

ענטשפרעכענד צו דער אַרבייט האבען זיך, פערשטעהט זיך, אויך פערגרעסערט די אינוועסטי-רונגען פונ'ם קרן-קימת. אין משך פון דער צייט וואָס פון יאהר 1918 ביז אין מיטען יאהר 1924 האט דער נאַציאָנאַל-פאָנד אינוועסטירט אין ארץ-ישראל די סומע פון 526.424 ענ. פונט; זיין יעהרליכע אינ-וועסטירונג האט אין דורכשניט אויסגעמאַכט ביז 81.000 ענ. פונט.

7

## אַ האַלבען מיליאָן פונט פאַר'ן נאַציאָנאַל-פאָנד

די גאַנצע אַרבייט פון דעם נאַציאנאַל-פאנד נאך דער מלחמה איז בלויז אַנ'אנפאַנג פאַר אַ נאך גרעסערע, ברייטערע און ענערגישערע אַרבייט. ווייל ביי דער גאַנצער ברייטקייט און פערצווייגטקייט פון דער אַרבייט, מוזען מיר דאך מודה זיין, אַז טראָץ דעם, וואָס דער נאַציאנאַל-פאנד איז שוין איינער פון די הויפט-פאַקטארען אין אונזער נאַציאנאַלער קאָ-לאניזאַציע אין ארץ-ישראל, קאן ער דאך נאך נישט בעפרידיגען אַפילו די בעשרענקטע בעדערפנישען פון דער נאך מעהר בעשרענקטער אימיגראַציע.

אַלע לאַנד-שטחים, וועלכע דער נאַציאנאַל-פאנד האט ערוואָרבען אין די לעצטע יאהרען זענען שוין אבגעגעבען געוואָרען אין פאַכט צו קאלאני-

טען, אויסער איינציגע טויזענד דונאם, וועלכע פאדע־רען אַ קאָסטבאַרע פערבעסערונג און פאַרבעריזונג.

עס איז אַ פאַקט, אַז ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק (פאַר דעם נייעם באדען־קויף אין עמק, איבער וועלכען מיר וועלען ווייטער רעדען) האט שוין דער נאַציאנאַל־פאנד נישט געהאַט קיין באדען פאַר קאלאניזאַציע.

און אין דערזעלבער צייט איז דער הונגער נאך באדען זעהר געשטיגען צווישען די חלוצים און איינוואַנדערער און דער הונגער וואַקסט און שטייגט פון טאג צו טאג.

הונדערטער פון אונזערע בעסטע יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך צוגעוועהנט צו דער גרעסטער און שווערסטער מיה אין פערשידענע געזעלשאַפטליכע אַרבייטען ווי אויך צו צייטווייליגער לאַנדווירטשאַפט־ליכער אַרבייט אין די קאלאניעס, קוקען זיך אום זייערע אויגען אויף דעם גליקליכען טאג, ווען זיי וועלען אַרויף אויף דעם נאַציאנאַלען באדען און איהם בעאַרבייטען.

אויך די נייע אימיגראַציע, וועלכע פער־שטאַרקט זיך און פערגרעסערט זיך אַזוי אין דער לעצטער צייט, ברענגט מיט זיך הונדערטער אימי־גראַנטען, וואָס דורשטען און שטרעבען נאָך באָדען און ערד־אַרבייט.

אויסער דעם האט אונזער פאלק נאך קיינמאל נישט געהאַט אַזאַ גלענצענדע געלעגענהייט צו ער־ווערבען גרויסע שטחים באדען אין ארץ־ישראל, ווי איצט.

באדען, באדען, באדען! דאס איז דער לעבע־דיגער לאזונג פון דעם ציוניזם, די היסטארישע אויפ־גאַבע פון דעם מאמענט.

דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד, וועלכער איז דער חלוץ פון דער ציוניסטישער ארגאַניזאַציע און לעגט דעם וועג פאַר אונזער בעפרייאונג, דאַרף שאַ־

פען די באַזיס פאַר דער צוקונפטיגער קאָלאָניזאַציע-אַרבייט פון דעם קרן-היסוד.

אָבער אויך אָהן דער מאָמענטאַלער נויטווענ-דיגקייט פון דער קאָלאָניזאַציע, איז עס דאָך אוממעג-ליך פאַר אַ פאָלק צו בויען זיין נייע נאַציאָנאַלע היים, נישט האָבענדיג שטענדיג דעם נויטיגען רעזערוו פון גרויסע שטחים באָדען.

קיינער ווייסט נישט, וואָס דער מאָרגען וועט ברענגען, און אַ אומה, וואָס בעזיצט באָדען אין אַ גענוגענדער מאָס, האָט נישט און דאַרף נישט מורא האָבען פאַר קיין שום פּורעניות, וועלכע קאָנען קומען.

אבער וועה איז צו דעם פאָלק, וואָס ערווערבט דעם באָדען פון זיין היים בלויז אייל ביי אייל, לויט די בעשרענקטע מאָמענטאַלע בעדערפנישען!

אַזאַ פאָלק קאָן אויך, חלילה, פערשפּעטיגען דעם גינסטיגען מאָמענט, און דאַן וועלען איהם שוין נישט העלפען קיין שום פּאָליטישע דעקלאַראַציעס.

ענטשפּרעכענד צו דער היסטאָרישער אויפ-גאַבע פון דעם איצטיגען מאָמענט, האָט דער יודי-שער נאַציאָנאַל-פאָנד פּראָקלאַמירט די גרויסע אַק-ציע:

# „500.000 פונט—100.000 דונאַם פאַר דעם נאַציאָנאַל-פאָנד!"

אַט דער לאָזונג בעדייט אין אַלגעמיין: פער-דאָפּלען אַזוי שנעל ווי מעגליך דעם באָדען-בעזיץ פון דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד. פערגרעסערען די נאַ-ציאָנאַלע שטחים אין אַזאַ מאַסשטאַב — אַט דער און נאָר דער לאָזונג פּאַסט זיך צו די בעדערפנישען פון דעם איצטיגען מאָמענט.

די לייטונג פון דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד קומט אָבער נישט צום יודישען פאָלק מיט אַ בלוי-זען לאָזונג. זי האָט שוין געמאַכט דעם אנפאַנג פאַר אַט דער גרויסער אַקציע:

אין מאנאט אויגוסט פון יאהר 1924 האט דער יודישער נאציאנאל־פאנד אויסגעלייזט און ערווארבען אין דעם עמק נייע שטחים באדען אין דער גרויס פון 40.000 דונאם*).

דער נייער באדען איז רייך אין וואסער־קוואלען און נויטיגט זיך נישט אין א ספעציעלער פאר־בעריטונג.

אט דער צווייטער גרויסער באדען־קויף וועט א שטויס טהון פארווערטס די גרויסע שטרעבונג פון דעם ציוניזם פאר די נעכסטע יאהרען: ערא־בערען דעם עמק און זיך בעפעסטיגען אין דעם הארץ פון אונזער לאנד.

דער באדען־בעזיץ פון דעם יודישען נאציא־נאל־פאנד גרייכט איצט ביז 150.000 דונאם, א בע־דייטענדער פראצענט פון דעם אלגעמיינעם יודישען באדען־בעזיץ אין ארץ־ישראל, וועלכער צעהלט 300.000 דונאם.

דער יודישער נאציאנאל־פאנד פערנעהמט איצט אין ארץ־ישראל, אינ'ם פרט פון באדען־בע־זיץ, דעם ערשטען פלאץ נאך דער יק"א, מיט איהרע 300.000 דונאם, און ער האט איבערגעשטיגען אלע יודישע קאלאניעס צוזאמען מיט זייער אלגעמיינעם באדען־בעזיץ.

מיט זיין נייעם באדען־קויף האט דער יודי־שער נאציאנאל־פאנד געשאפען א נייע מעגליכקייט צו קאלאניזירען אין דער נאהענטער צוקונפט פיעלע הונדערטער לאנדווירטשאפטליכע פאמיליעס, לויט'ן מוסטער פון דעם ישוב, וועלכער איז געשאפען גע־ווארען אויף דעם באדען פונ'ם נאציאנאל־פאנד אין עמק אין די לעצטע יאהרען.

---

*) בעת דידאזיגע בראשור ערשיינט אין דרוק, האט שוין דער נאציאנאל פאנד געמאכט נייע באדען־קניות, אזוי אז ער האט שוין אויסגעלייזט 65,000 דונאם פון די 100,000, וואס ער האט אויף זיך גענומען אויסצולייזען אין יאהר תרפ"ה.

אין פאלעסטינענזישן איינקלאנג מיט'ן טרוים פון דר. הערצל, מיט דער הייסער שטרעבונג פון אונזערע בעסטע שוועסטער און ברידער, פערשפרייט דער נאציאָנאַל-פאָנד די יודישע פאָהן איבער דעם עמק-יזרעאל אַלץ מעהרער און מעהרער.

וויפיל טייערע ווערטען עס שטעקען אין די קנייטשען און פאַלדען פון דער פאָהן! אַ היים פאַר הונדערטער און טויזענדער זיהן און טעכטער פון דעם פאָלק, וואָס ווערט אַזוי געיאָגט אין אַלע עקען וועלט; אויסלייזען דעם באָדען פון אונזערע אָבות פון דער שענדליכער וויסטעניש און פערלאָזענקייט אין משך פון דורות און דורות; אַ שאַפונגס-ווינקעל פאַר נייעָ מאָראַלישע מידות, פאַר אַ נייעם יודען; אַ לעבעדיגער ביישפיל פאַר אונזערע אַראַבישע שכנים, זיי זאָלען לערנען פון אונז און טהון ווי מיר אין די אינטערעסען פון דעם לאַנד און פון ביידע ראַסען.

ווער פון אונז וועט עס וואגען אַראָבצולאָזען דידאָזיגע פאָהן אפילו אויף איין רגע!

דער יודישער נאַציאָנאַל-פאָנד האָט זיין פליכט צום יודישען פאָלק ערפילט: ער האָט אויסגעלייזט כמעט אַ העלפט פון דעם שטח באָדען, וועלכען ער האָט זיך געשטעלט אַלס זיין נאָהענטסטען ציעל.

דאָס יודישע פאָלק איז דעריבער פערפליכטעט פאָלשטענדיג צו ערפילען זיין פליכט. זאָל דאָס יודישע פאָלק געבען דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד די מעגליכקייט צו בעצאָהלען די חובות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען דורך דער נייער קניה, און אויך צו קאָנען אויסלייזען און ערוועָרבען פולע הונדערט-טויזענד דונאַם באָדען.

זאָל אין דעם יאָהר תרפ"ה אומעטום, וואו יודען געפינען זיך מעהר אָדער ווענינער, — זאָל אין דעם יאָהר הילכען אונזער רוף:

**אַ האַלב מיליאָן פונט — 100,000 דונאַם באָדען פאַר דעם יודישען נאצ.-פאָנד!**

די פערווירקליכונג פון דעם לאָזונג וועט דינען אלס פראָבירשטיין פאַר אונזער פאָלק, פאַר דעם ציוניזם און פאַר יעדען יודען בעזונדער.

אונזער פאָלק וועט דערמיט בעווייזען, אַז עס איז נישט אָבהענגיג און וואַרט נישט אויף דעם חסד פון פרעמדע פעלקער און זייערע פּאָליטישע דעקלאַראַציעס, נאָר אַז עס איז קודם־כל אָבהענגיג פון זיין אייגענעם ווילען און פון זיינע אייגענע מעגליכקייטען.

דער ציוניזם וועט בעווייזען, אַז ער קען דעם איינפאַכען אמת פון דעם ווירקליכען לעבען, אַז מען קאָן נישט בויען קיין נאַציאָנאַלע היים אָהן באָדען.

יעדער יוד וועט בעווייזען, אַז פון אַלע פערשידענע רעכט, וועלכע מען האָט אונז געגעבען און אויך וועלכע מיר האָבען ערוואָרבען מיט אייגענע כחות אין דעם לעצטען יאָהר הונדערט פון רעוואָלוציעס און איבערקעהרענישען מכל המינים, איז איהם אַמליבסטען און אַמטייערסטען דאָס רעכט פון אַ נאַציאָנאַלע היים.

און אַ נאַציאָנאַלע היים הייסט:

# באָדען!


ארץ ישראל
אדמה עברית
אדמת הקרן הקימת לישראל
צור
עכו
חיפה
מתולה
כפר גלעדי
תל-חי
יסוד-המעלה
אילת השחר
צפת
מחנים
כנען
ראש פנה
ים כנרת
מגדל
טבריה
כנרת
צמח
נצרת
תל עדש
עתלית
טנטורה
שפיה
קסריה
חדרה
טול כרם
שכם
כפר סבא
פתח תקוה
תל-אביב
יפו
מקוה ישראל
ראשון לציון
נס ציונה
רחובות
עקרון
באר טוביה
לוד
רמלה
ירושלים
בית לחם
חברון
יריחו
עזה
באר שבע
ים המלח

